# טְעָאדָאלִינדֶע.

## אַ שְׁפַּאס אִין אֵיין אַקְט.

פון י. ב. שווייצער.



פערלאַג א. גיטלין ווארשא נאלעווקי
איוואנאווסקי באזאר № 1

ווארשא תרע"ד

# ТЕОДОЛИНДЕ.

Соч. I. Б. Швейцера.

ВАРШАВА 1914

## פֶּעְרְזָאנֶען:

באַראָן היינריך.

סאָפיע, זײַן פרוי.

פרוי גערטרוד, איהר מוטער.

שמירער.

יוסטעלע, א דיענסט אין באַראָנ'ס הויז.

די זאך קומט פאָר אין א גרויסער שטאָדט אין באַראָנ'ס וואָהנונג,

אין דער געגענווערטיגער צײַט.

---

Тип. Х. Кельтеръ, Новолипье 11.

שוין אַ געוויסע צייט, זוי ביי אונז האָבען זיך אויך ווי אוּמעטום אָנגעהויבען בילדען און ענטוויקלען, ווי אין די גרעסערע אַזוי אויך אין די קלענערע שטעדט, אַמאַטאָרען־טרופּען. עס איז איבעריג צו רעדען וועגען דעם ווערט פון אַזעלכע קרייזלעך, בפרט ביי אונז, וואו דאָס טעאַטער שטעהט נאָך כמעט אין אָנפאַנג פון זיין ענטוויקלונג. עס בלייבט נאָר צו ווינשען, אַז אַזעלכע אַמאַטאָרען־קרייזלעך זאָלען זיך בילדען ווי מעגליך מעהר.

נאָר כדי זיי זאָלען זיך קאָנען ענטוויקלען מוזען זיי האָבען אַ פּאַסענדען רעפּערטואַר. געוועהנליך קאָנען אַמאַטאָרען זיך נישט נעהמען באַלד פון אָנפאַנג צו גרויסע און ערנסטע פּיעסען, וועלכע פאָדערען פיעל שטודיום, אויסבילדונג און ערפאַהרענהייט. אוּמעטום עקזיסטירט דעריבער אַ גרויסע צאָהל פּיעסען, על פּי רוב איינאַקטער, וואָס זענען געשריבען ספּעציעל פאַר אַמאַטאָרען־טרופּען. דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער ווערט פון די דאָזיגע פּיעסען איז על פּי רוב אפילו נישט גאַנץ וויכטיג. דערפאַר אָבער זענען זיי גוט צוגעפּאַסט צו דער סצענע און זענען פאַר אַמאַטאָרען לייכטער אויסצולערנען.

אָנהויבענדיג פון אַזעלכע פּיעסען קאָנען די אַמאַטאָרען ביסלעכווייז זיך ענטוויקלען און מיט דער צייט צוטרעטען אויסצופיהרען גרעסערע ווי אויך ערנסטערע טעאַטער־שטיקע.

לײדער פעהלט נאָך ביי אונז אינגאַנצען דער מין טעאַטער־שטיק. און דאָס איז זיכער איינע פון די גרויסע שטערונגען פאַר דער ענטוויקלונג פון אַמאַטאָרען־טרופּען.

די ביבליאָטעק                     וועט זיך בעמיהען דעם דאָזיגען פעהלער צו בעזייטיגען. נאטירליך וואָלט געווען ווינשענסווערט, אז אזעלכע פיעסען פאר אמאטאָרען זאָלען זיין פון יודישען לעבען, וואו דער יודישער אמאטאָר וואָלט זיך געפיהלט היימישער און זיין אויפגאבע וואָלט איהם לייכטער געווען. נאָר [אין] ערווארטונג, ביז ביי אונז וועלען זיך בעוויזען פאסענדע אָריגענעלע ווערק פון דעם סאָרט, מוזען מיר זיך בענוגענען מיט די בעסטע זאכען פון פרעמדע שפראכען.

דער איינאקטער, וועלכען מיר לעגען איצט פאָר, איז געשפיעלט געוואָרען מיט גרויס ערפאָלג אויף די אמאטאָרען-סצענעס פון איניגע לענדער.

---

די סצענע שטעלט פֿאָר אַ עלעגאַנטען סאַלאָן. מיטעל־טהיר און זייטען־טהירען.

# ערשטע סצענע.

## דער באַראָן, סאָפֿיע, גערטרוד.

(דער באַראָן האַלט אין האַנד אַ צייטונג, נאָר לייענט זי נישט. בײדע פֿרויען זענען בעשעפֿטיגט מיט אַרבײט בײ'ם טישעל).

---

סאָפֿיע. מיר איז אַזוי אומעטיג, וואָס הײנריך פֿערלאָזט מיך היינט אויף אַ גאַנצען אָווענד. און שטעל דיר פֿאָר, מוטער, נאָך בײ'ם פֿריהשטיק האָט ער עס מיר שוין ערקלערט! אַ גאַנצען טאָג האָב איך דעריבער אַ שלעכטע לוינע געהאַט.

גערטרוד. פֿון דעסטוועגען האָסטו זיך נישט וואָס צו קלאָגען אויף דײן מאַן. שוין זעקס וואָכען אַריבער נאָך אײער חתונה און ערשט דעם צווײטען אָווענד וועט איהר פֿערברענגען נישט צוזאַמען. דו קאָנסט דאָך נישט פֿערלאַנגען, אַז הײנריך זאָל שוין אינגאַנצען פֿערלאָזען זײנע אַמאָליגע בעקאַנטע און קאָלעגען.

באַראָן. מײן סאָפֿיע'לע ווײס גאַנץ גוט, אַז איך פֿיהל מיך אין ערגעץ נישט אַזוי גוט ווי צוזאַמען מיט איהר, נאָר הײנט גראַדע מוז איך דעם אָווענד פֿערברענגען ערגעץ אַנדערש, ווײל מײן שול־קאָלעגע, וועלכען איך האָב שוין עטליכע יאָהר נישט געזעהן, געפֿינט זיך הײנט פֿערבײפֿאָהרענדיג אין שטאָדט און מאָרגען פֿריה פֿאָהרט ער אַוועק. מיר האָבען זיך אָבגערעדט עטליכע קאָלעגען זיך האַנט אין קלוב צו טרעפֿען. דאָס קאָן דאָך

דיר נישט פערדריסען, מײן טײַערע סאָפיע׳לע, בפרט נאָך, אז אין א פאָר שעה ארום וועל איך שוין צוריק זײַן.

סאָפיע. מיך פערדריסט עס כלל נישט, מײַן טײַערער איך פערלאַנג דאָך נישט, אז דו זאָלסט צוליעב מיר אינגאַנצען איבערדרײַסען די בעציהונגען מיט דײַנע גוטע פרײַנד. איבריגענס, איך מוז אנערקענען, אז דו גערסט זעלטען אוועק פון שטוב און דערפאַר בין איך דיר זעהר דאַנקבאַר.

באראָן. איך האָב דאָס גאָרנישט פערדיענט, מײַן טײַערע. אלערערשטענס בין איך א עגאאיסט און איך בלײַב מיט דיר דערפאַר, ווײַל מיט דיר איז מיר גוט און אין ערגעץ קאָן מיר נישט בעסער זײַן.

סאָפיע. אַ, מאַמאַ, דו זעהסט שוין, וואָס פאַר א פײַנעם מאַן איך האָב. אַיאָ, מאַמאַ, איך האָב דיר גאָר פערגעסען צו זאָגען, דו ווײַסט שוין, אז דאָקטאָר עבעל מיט זײַן פרוי האָבען זיך היינט פריה אריבערגעצויגען א קעגענאיבער?

גערטרוד. שוין לאַנג ווי איך האָב זײ נישט געזעהן.

באראָן. (שטעהט אויף). א גערעטען פּאָרעל! ער נודזשעט, אז עס געהט איבער׳ן האַלז, און זי — א עמאנציפאַנטקע, א ליטעראַטקע!

סאָפיע. אזוי נישט ליעב האָסטו זײ?

באראָן. זײ קאָנען זיך זײַן גאַנץ בכבודיגע מענשען, נאָר זי איז דאָך א עמאַנציפאַנטקע! ברררר!

סאָפיע. וואָס אײגענטליך, מײַן טײַערער, הײסט בײַ דיר עמאַנציפאַנטקע?

באראָן. דאָס זעלבע, וואָס בײַ דער גאַנצער וועלט. דאָס הײסט א פרוי, וואָס שרײַבט ליעדער, מעשׂות, מיט אײן וואָרט א ליטעראַטקע! עקעלהאַפט!

סאָפיע. אָבער הײנדיך...

באראָן. (געהט אָב דינקס). איך זאָג דיר — עקעלהאַפט! פאַר א פרוי א ליטעראַטקע אנטלויף איך ווי פון פעפער וואַקסט!

(טהוט א קוק אויפ'ן זייגער) . נאָר ס'איז שוין צייט צו געהן אויפ'ן ראַנדעוואו מיט מיינע קאָלעגען, מיר האָבען זיך אָבגערעדט אויף זיעבען (אלע שטעהען אויף) . זיי מיר געזונד, מיין טייערסטע סאָפיע'לע ! (אָב) .

(נאָכדעם ווי דער באַראָן געהט אַרויס געהט גערטרוד איבער אויף לינקס) .

# צווייטע סצענע

ס אָ פ י ע, גערטרוד, שפּעטער י ו ס ט ע ל ע.

ס אָ פ י ע. דו האָסט געהערט, מאַמאַ, וואָס היינריך האָט שוין ווידער אַ מאָל געזאָגט וועגען די ליטעראַטקעס, וועלכע ער רופט שטענדיג אָן... איך וואָג אפילו נישט ווידערצוהאַלטען דאָס דאָזיגע וואָרט!

ג ע ר ט ר ו ד. עמאַנציפּאַנטקעס! נאָר וואָס אהרט עס דיך, דיך קאָן עס דאָך נישט אָנגעהן, ווייל חאָטש דו שרייבסט אויך אַ מאָל אַ ליעדעל און חאָטש דו האָסט איצט געענדיגט זאָגאַר אַ טעאַטערשטיק אין דריי אַקטען, פון דעסטוועגען ביזטו דאָך קיינמאָל קיין עמאַנציפּאַנטקע נישט געוועזען און צוליעב דעריבער וועסטו קיין עמאַנציפּאַנטקע נישט ווערען.

ס אָ פ י ע. לויט זיין מיינונג וואָלט איך געווים פערדיענט דעם דאָזיגען נאָמען. ווען דו וואָלסט געוואוסט, מאַמאַ, ווי עס האַפּט מיך אָן יעדעס מאָל אַ מורא, ווען היינריך הויבט אָן וועגען דעם צו רעדען.

ג ע ר ט ר ו ד. דו האָסט זעהר שלעכט געטהון, וואָס דו האָסט איהם נאָך פריהער, פאַר אייער חתונה נישט אויסגעזאָגט, אַז דו האָסט ליעב אַ מאָל צו שרייבען. צו וואָס האָסטו געדאַרפט פון אַזאַ אונשולדיגע זאַך אַ געהיימניס מאַכען! איך בין זיכער, אַז דיר וואָלט גאַנץ לייכט אָנגעקומען צו בעקעמפען זיין פאָראורטייל נעגען ליטעראַטקעס.

סאָפֿיע. ניין, טײַערע מאַמע, בשום אופֿן אין דער וועלט וואָלט איך זיך נישט געוואַגט איהם אַפֿילו אַ וואָרט וועגען דעם צו זאָגען. איבריגענס, איך האָב שוין לאַנג בעשלאָסען אויף אײַביג מײַן פֿעדער צעבראָכען און שוין קיינמאָל מעהר גאָרנישט שרײַבען. מיך פֿערדריסט זאָגאר, וואָס איך האָב מיך געלאָזט אָנרײַדען פֿון הערן שרויבער און איהם מײַן דראַמאַ פֿערטרויט. ער וויל דאָס דרוקען און אויף דער סצענע שטעלען, נאַטירליך מיט אַ פּסעוודאָנים.

גערטרוד. דו האָסט, דאַכט זיך, אויף היינט בעשטעלט דעם איבערשרײַבער הערר שמירער?

סאָפֿיע. יאָ, ער דאַרף יעדע מינוט אָנקומען, און אויך שרויבער דאַרף קומען נאָכ'ן מאַנוסקריפּט. אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, אַז מײַן מאַן וועט היינט אָווענד אין דער היים נישט זײַן, האָב איך די בײדע הערען וועגען דעם וויסען געגעבען.

גערטרוד. נאָר געוויס האָסטו דאָך טראָץ דעם אַלעם נישט פֿערגעסען, אַז איבערמאָרגען איז דײַן מאַנס געבורטס-טאָג?

סאָפֿיע. פֿערשטעהט זיך! ווי קאָן איך דען אַזאַ זאַך פֿערגעסען! און אויסער מײַן אייגענער האַנד-אַרבײַט האָב איך נאָך פֿאַר מײַן היינריך'ן צוגעגרייט אַ קליינעם סיורפּריז.

גערטרוד. און וואָס איז דאָס אַזוינס, אויב איך טאָר וויסען?

סאָפֿיע. דו געדענקסט נאָך אודאי, מאַמאַ, אַז מיט זעקס וואָכען צוריק איז היינריך'ן פֿערפֿאַלען געוואָרען זײַן קליין הינדטעל, ראָזעלקע, וואָס ער האָט אַזוי ליעב געהאַט. האָב איך איהם אויפֿגעזוכט אַ נײַ הינדטעל, כמעט פּונקט אַזאַ ווי דאָס ערשטע און עס אויך אַ נאָמען געגעבען ראָזעלקע. איך האָב עס אָבגעגעבען דעם איבערשרײַבער שמירער, ער זאָל עס אויפֿהאַלטען בײַ זיך, און איבערמאָרגען, אין דעם געבורטסטאָג, וועט ער עס אהער ברענגען.

גערטרוד. דאָס וועט זיכער היינריך'ן אַ גרויסע פרייד פערשאפען.

יוסטעלע. (קומט אריין און מעלדעט). העררר שמירער איז געקומען.

גערטרוד. איך וועל דערוויילע אַ קורצען וויזיט מאַכען אונזער שכנטע די מאַיאָרין, בערך אין אַ האַלבע שטונדע אַרום וועל איך צוריק זיין (געהט אָב רעכטס).

סאָפיע. אויף וויעדערזעהן, מאַמאַ! (צו יוסטעלע). צי האָט מיין מאַן אַרויסגעהענדיג זיך נישט געטראָפען מיט'ן העררר שמירער?

יוסטעלע. ער איז ערשט די מינוט געקומען.

סאָפיע. צי ביזטו אָבער זיכער, אַז דער העררר האָט איהם נישט געזעהן?

יוסטעלע. גאַנץ זיכער, גנעדיגע העררין. היינט אין דער פריה, געהענדיג אויפ'ן מאַרק, האָב איך אָבגעטרעטען צו'ם הערר'ן שמירער און צו'ם העררן שרייבער זיי וויסען צו געבען, אַז זיי זאָלען אין אָווענד אהער קומען, און ווייטער וועט ווערען דעם נישט קיין לעבעדיגער נפש.

סאָפיע. זעהר גוט, איצט פיהר אריין אָבער דעם דאָזיגען העררר (געהט איבער אויף ליינקס, זעצט זיך).

יוסטעלע (עפענט די טהיר, לאָזט אַריין שמירער'ן און געהט אַרויס).

## דריטע סצענע.

### שמירער, סאָפיע.

שמירער (קומט אַריין, בלייבט ביי דער טהיר, בוקט זיך עטליכע מאָל). איך קוש דער גנעדיגער העררין דעם שטויב פון די פיס — ערגעבענסטער דיענער — איך קוש דעם שטויב, צי שטער איך נישט?

סאָפּיע. ביטע נעהנטער, הערר שמירער, האָט איהר שוין געענדיגט איבערשרייבען?

שמירער. אזוי ווי די גנעדיגע הערריןהאָט בעפוֹיהלען!

סאָפּיע. ביטע נאָך נעהנטער! איהר האָט געבראַכט דעם עקזעמפּלאַר?

שמירער. אזוי ווי די גנעדיגע הערריןהאָט בעפוֹיהלען! (דערלאַנגט אַ עקזעמפּלאַר). איך האָב מיר בעשלאָסען אויסצופיהרען א קאַליגראַפישעם מייסטער־שטיק — אַנ'אמת'ע צאַצקע! זעכצעהן אָבגעמאָסטענע שורות אויף יעדער זייט. קיין איין שורה איז נישט אויף אַ האָהר גרעסער אָדער קלענער פון דער צווייטער — די פּונקטען און אַלע איבעריגע ליטעראַרישע צייכענס, אַלץ גענוי אויף זיין אָרט — יעדער אות ריין, קײלעכדיג, מיט בײכעלעך, ריכטיג צוגעפּאַסט...

סאָפּיע (זעהט דורך דעם עקזעמפּלאַר). אויסגעצייכענט! איך בין פאָלשטענדיג צופריעדען, און דעריבער וועט איהר מיר ערלויבען, איך זאָל אייך העכערען דעם צוגעזאָגטען האָנאָראַר.

שמירער. די גנעדיגע הערריןאיז גוט ווי אַ מלאך! פאַר דעם דאָזיגען חסד קוש איך טויזענד מאָל דעם שטויב פון דער גנעדיגער הערריגנס פיס — אָ! איך בין פון דער גנעדיגער הערריןענטציקט!

סאָפּיע. אָבער וואו איז מיין אייגענער מאַנוסקריפּט?

שמירער. גרויסער גאָט! איך פערדיען די שטרענגסטע שטראָף!

סאָפּיע. ווי! איהר האָט אפשר פערלאָרען מיין מאַנוסקריפּט?

שמירער. זאָל גאָט היטען! ווי וואָלט איך זיך געקאָנט וואַגען צו טהון אַזאַ זאַך? איך האָב איהם נאָר אין דער היים איבערגעלאָזט, און אויב די גנעדיגע הערריןוועט איינוויליגען מיר צו ערלויבען, וועל איך אויף פליגעל פליהען, ווי אַ עלעקטרישער פונק...

סאָפּיע. איהר האָט זיך נישט וואָס צו יאָגען אזוי, ווייל-

מײַן מאַן װעט סײַ װי אַזױ גיך נישט אַ הײם קומען. אָגב מוז איך אײַך דערמאָהנען, אַז איך האָף, דאָס איהר װעט װיסען צו שװײַגען.

שמירער. גנעדיגע הערריןן! איך בין שטום װי אַ פֿיש! מײַנע ליפען זענען פֿערשלאָסען מיט ריגלען און שלעסער! איבּריגענס, אַלע װײסען, אַז אײַער נעהרטער געמאַהל האָט אַ שטרומדיגען כאַראַקטער, דעריבּער װעל איך שױן ממילא שװײַגען, כּדי אױסצומײַדען זײַן צאָרן.

סאָפֿיע. נו, נו, — און װאָס מאַכט עפּעס אונזער קלײנע ראָזעטקע?

שמירער. געזונד און שטאַרק בּיז הונדערט און צװאַנציג יאָהר, הײַנט װאָס פֿאַר אַ װײך, פֿײַן, צאַרט בּעשעפֿעניש על דאָס איז! אין כאַראַקטער איז זי אױף אַ האָאר ענליך צו דער גנעדיגער הערריןן! װי צװײ טראָפּענס װאַסער! אין דער קורצער צײַט, װאָס זי פֿאַרבּרענגט בּײַ מיר האָט זי זיך צו מיר אַזױ צוגעבּונדען! ט. װאָס אַנ׳אמת, ס׳איז איהר טאַקי זעהר גוט בּײַ מיר! און לױט בּעפֿעהל פֿון דער גנעדיגער הערריןן װעל איך איבּערמאָרגען פּונקט נײַן אַ זײגער אין דער פֿריה קומען אַהער מיט אונזער געליבּטער ראָזעטקעלע. װאָס פֿאַר אַ שענער סיורפּריז דאָס װעט זײַן פֿאַר דעם הערן געמאַהל!

סאָפֿיע. זעהר גוט — און איצט זײַט אַזױ גוט און בּרענגט מיר דעם מאַנוסקריפּט.

שמירער. צי װעט אָבּער די גנעדיגע הערריןן מיר קאָנען פֿערצײַהען מײַן שרעקליכע זינד?

סאָפֿיע. איך פֿערצײַה אײַך פֿאָלשטענדיג, נאָר אײַלט זיך איצט אַבּיסעל צו.

שמירער. אָט בּין איך שױן צוריק! איך קוש דעם שטױב! (אָבּ).

זעהר גוט, בראַוואָ, בראַוויסימאָ! — דאַן איז די שמחה פֿון דער מוטער, פֿון דעם שרײַבער מײַן איך, אָהן אַ שיעור. מיר קענען זיך דערוויף, איך בין דאָך שוין עפּעס אַנ׳אַלטער פּראַקטיקאַנט!

סאָפֿיע. איהר זענט גערעכט, אויב מײַן דאַמע ווער געפֿעלען ווערען, וועל איך זײַן אַ גליקליכע.

שרײַבער. און איך אויך, ווײַל איך וועל דערבײַ פֿערדיענען אַ שענע מטבע, בפֿרט נאָך, אַז איהר פֿערלאַנגט נישט קיין האָנאָ-ראַר! דאָס איז פֿון אײַער זײַט שען, זעהר שען! הלוואי וואָלטען זיך אַלע אָבגעלערנט פֿון אײַך! דאָס הייסט ליעבען די קונסט ריין, אָהן אַ שום מיין! דאָס איז אַ זעלטענער פֿאַל, נאָר מיר קענען זיך דערוויף!

סאָפֿיע (האַקט איבער), ווי אַנ׳אַלטער פּראַקטיקאַנט!

שרײַבער. (הערט אויף רעדען און קוקט אַ ווײַלע אויף סאָפֿיע׳ן פֿערוואונדערט), יאָ, יאָ! איך בין שוין אַנ׳אַלטער פּראַקטיקאַנט.

נאָר — נאָר איך מוז אײַך איין בעמערקונג מאַכען.

סאָפֿיע. איך הער.

שרײַבער. אָט וועגען דעם טיטעל פֿון אונזער דראַמאַ, ער איז צו אײַנפֿאַך און צו קורץ. עס איז נויטיג אַ טיטעל, וואָס זאָל פּיקאַנטער זײַן—גלײַכער וואָלט געוועזען צוויי, און אויב מעגליך װאָגאַר דרײַ טיטלען!

סאָפֿיע. צי דען איז דער טיטעל „טעאָדאָלינדע" נישט אַזאַ גוטער טיטעל ווי פֿיעל אַנדערע?

שרײַבער. אָט דאָס איז טאַקי דער פֿעהלער! אַזוי ווי פֿיעל אַנדערע איז דאָך גאָר קיין חכמה נישט! דער טיטעל מוז זײַן אַ שרײַענדער און מוז פֿעראינטערעסירען! „טעאָדאָלינדע", אַ דראַמאַ אין דרײַ אַקטען, — דאָס איז נישט אַנציהענד! פֿאַרוואָס וואָלטען מיר צו׳ם בײַשפּיעל נישט געקאָנט אָנשרײַבען: „טעאָדאָ-לינדע, אָדער אַ פֿרויען-הארץ, וואָס איז דורך געשאָסען מיט אַ ליעבעס-פֿײַל". און אפשר נאָך בעסער: „טעאָדאָלינדע, אָדער אַ הארץ, וואָס ברענט אין פֿלאַמען פֿון אײַפֿערזוכט!" אָדער „די

אונשולד אין קייטען", עפּעס אַזוינס־צום ביישפּיעל, מוראַ'דיגעס, שרעקליכעס..

סאָפי עָ. ניין, ניין, העדר שרייבער — לאָזט בעסער צו־ דוה; דעם איינפאַכען טיטעל „טעאָראָליגדע" האַלט איך פאַר דעם פּאַסענדסטען. בישט פונ'ם טיטעל איז אָנבעלאַנגט דער ווערט פון דער גאַנצער זאַך.

שרייבער. איבריגענס ווי איהר ווילט. נאָר איצט מוז איך שוין אָבשייד פון אייך נעהמען, אַז נישט קאָן מיך דאָ נאָך טרעפען דער העדר באַראָן.

סאָפיע. מיין מאַן וועט אַזוי גיך נישט קומען צוריק.

שרייבער. צי קאָן איך נישט בעקומען פון אייך נאָך אַ צווייטען עקזעמפּלאַר פון אונזער דראַמאַ?

סאָפיע. אויסער דעם עקזעמפלאַר האָב איך נאָר נאָך מיין איינענעם מאַנוסקריפּט, און איך מוז מודה זיין, אַז מיר ווילט זיך שטאַרק נישט שיידען זיך פון איהם.

שרייבער. דאָך וואָלט איך איהם געדאַרפט צו האָבען אויף צו פערגלייכען — העכסטענס אין אַ וואָך אַרום וואָלט איך איהם אייך זיכער צוריקגעגעבען!

סאָפיע. אַלזאָ גוט, דער שמירער דאַרף איהם ברענגען יעדע מינוט, העכסטענס אין אַ פיערטעל שעה אַרום.

שרייבער. אויב אַזוי האָב איך גראַדע אַ שטיקעל עסק מיט'ן וויין־העגדלער דאָ פון אַקעגען. אין אַ פיערטעל שעה אַרום, אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך צוריק קומען, און איך האָף, אַז איך וועל נאָך דאַן נישט טרעפען דאָ דעם העררן באַראָן?

סאָפיע. פערשטעהט זיך! פאַר צעהן וועט מיין מאַן נישט קומען. אַלזאָ, אין אייערע הענד פּערטרוי איך מיין ערשט־ געבוירענעם דראַמאַטישעס ווערק! שפּאָרט נישט קיין מיה און אַר־ בייט, און איך ווייס, אַז ווען איהר ווילט נאָר, קאָנט איהר אַ סך אויפטהון.

שרייבער. מיר קענען זיך אויף די שרייבער! מיר

קענען זיך זעהר גוט! איך וויים, ווי שטארק דאס הערצעלע קלאפט זיי! אָ! דען איך בין אנ'אלטער... ניין, ניין!... ס'וועט שוין אלץ גוט זיין! פערלאָזט זיך נאָר אינגאנצען אויף מיר! אויף וויעדער-זעהן. (אָב).

## זעקסטע סצענע.

סאָפּיע (אליין), איצט מוז איך וועגען דעם שרייבען מיין פריינדין מאריע! איך בין זיכער, אז זי וועט מיר מיטפיהלען מיין שמחה און גליק! (זעצט זיך לינקס און שרייבט, איבערהאקענדיג טיילמאל דאס שרייבען רעדענדיג:) אויב מיין פיעסע וועט אויפגעפיהרט ווערען, מוז מאריע אהער קומען צו פאָהרען! איבריגענס זי אינטערעסירט זיך שטארק מיט טעאטער, און אין דאָרף, וואו זי וואָהנט, האָט זי אזוי וועניג צייט-פערווייל ונגען! אויב די זאך וועט האָבען ערפאלג, וועל איך מיין הײַנריך'ן אלץ אויסזאָגען! אָט אזוי, דער בריעף איז געענדיגט; קורץ אפילו, נאָר אויף הײַנט גענוג. (זוכט), וואו זענען שוין וויעדער אהינגעקומען די קאָנווערטען? זיי מוזען זיין אין דער מאמע'ס צימער, וועל איך זיי געהן אזוך טהון. (געהט אָב רעכטס).

## זיעבענטע סצענע.

באַראָן (קומט אריין דורך דער מיטעלטהיר), איך וויים נאָר נישט, וואָס איז מיט מיר הײַנט געוואָרען, איך האָב פערגעסען מיטצונעהמען אי דאס געלד, אי די ציגארען, וואָס זענען אין זשאקעט געלעגען! דאס איז נעוויס פון גרויס ליעבע, דעריבער בין איך עם אזוי צעשטרייט! איבעריגענס, דוכט זיך דאס לעצטע מאָל האָב איך געראויכערט טאקי אין דעם צימער. די ציגארען מוזען אלזאָ דאָ ערגעץ ליעגען! (געהט צו צו'ם טישעל לינקס, בעמערקט דעם נאָר וואס א'יפגעשריבענעם בריעף). וואָס איז דאָס? עפּעס אַ בריעף? (לייענט). „מיין טייערע מאריע! דיר איז בעקאנט מיין געהיימנים". (רעדט), געהיימנים?... און דאָס איז מיין ווייב'ס

האַנדשריפֿט ! געהײמניס ... (לייענט) . „מײַן טײַערע מאַריע ! דיר איז בעקאַנט מײַן געהײמניס , און אַזוי ווי איך בין איבערצײַגט , אַז דו אינטערעסירסט זיך מיט אַלעם , וואָס איז נוגע צו מיר , דעריבער אײַל איך מיך, דיר בקיצור , חאָטש מיט עטליכע ווערטער מיטצוטײלען פֿאָלגענדע ידיעה : שטעל דיר פֿאָר , איך האָב מײַן ט ע אָ ד אָ ל י נ ד ע פֿערטרויט אין גוטע הענד און זי אָבגעגעבען דעם הערן ש׳. (רעדט) . איהר טעאָדאָלינדע ?! פֿערטרויט איהר טעאָדאָלינדע דעם הערן ש׳. (לייענט) . „ווי אַ מוטער שיקט איהר ליעב קינד אַרויס אין די ברײטע , אונבעקאַנטע וועלט, איז איהר האַרץ דורכדרונגען מיט אַ געפֿיהל פֿון אונזיכערהײַט . . . עס ציטערט פֿאַר דעם שיקזאַל פֿון איהר ליעב קינד”... (גענעהנט דעם בריעף צו די אויגען). „אַזאַ מין געפֿיהל , טײַערע מאַריע , האָב איך איצט אויך , ווען איך פֿערטרוי מײַן טעאָדאָלינדע אין פֿרעמדע הענד !” (רעדט) . „ליעב קינד ?! מײַן טעאָדאָלינדע ? (לייענט). „מײַן מאַן איז קײַן זאַך נישט חושד און ער וועט זיך גאָרנישט דערוויסען , ווײַל מײַן טעאָדאָלינדע וועט בעקאַנט ווערען אין דער וועלט אונטער אַ פֿרעמדען נאָמען . דער מינדעסטער חשד וואָלט איהם אין גרעסטען צאָרן געבראַכט . איבריגענס , טעאָדאָלינדעס שיקזאַל ליעגט איז זיכערע הענד , ווײַל אויף הערן ש. קאָן מען זיך פֿערלאָזען ... איך ענדיג , ווײַל איך האָב זעהר קײַן צײַט נישט ! (רעדט). צי איז דאָס מעגליך ? מײַן פֿרוי , דאָס דאָזיגע יונגע אונערפֿאַהרענע בעשעפֿעניש ... נאָר קודם כל מוז איך זעהן מאַכען אַזוי , אַז זי זאָל זיך נישט דערוויסען , דאָס איך האָב איהר געהײמניס ענטדעקט — לאָ׳ם איך נאָר אַוועקלעגען דעם דאָזיגען אונגליקליכען בריעף אויף דעם זעלבען אָרט , זי וועט איהם דאָך געוויס אויף פּאָסט שיקען דורך דער דיענסט. דאָס איבריגע וועל איך שוין שפּעטער זעהן. מײַן נקמה וועט שרעקליך זײַן ! אי פֿאַר איהר , אי פֿאַר יענעם עלענדען , וועלכען איך מוז ענטדעקען !

(נעהמט אָב לינקס) .

# אכטע סצענע.

## סאָפּיע, שפּעטער יוסטעלע.

סאָפּיע (קומט צוריק). יאָ, אָט איז אַ קאָנװערט! איצט װעל איך שנעל אַרײַנלעגען דעם בריעף און (שרײַבט) אָנשרײַבען דעם אַדרעס! (קלינגט). נעהם, יוסטעלע, גלײַך דעם בריעף און װאַרף איהם אַרײַן אין דעם נאָהנטסטען בריעף־קאַסטען. איך װעל מיך דערװײַל אַביסעל דורכשפּאַציערען אין גאָרטען. (אָב).

יוסטעלע (אַלײן). װאָס פֿאַר אַ געשעפֿטען קאָן דאָס די בעל־הבית'טע האָבען מיט די דאָזיגע שענע לײַט שמירער און שרײַבער. אײנער זעהט אויס װי אַ סטראַשידלע אויף אָבצושרעקען װראָנעס, און דער צװײטער איז אַנ'אַלטער פּלוט און אַ אונערטרעגליכער בערימהמער! איבריגענס, װאָס איז דאָס מײַן דאגה. לאָ'ם איך לויפען דעם בריעף אַרײַנװאַרפען! (װיל אַרויסגעהן דורך די מיטעל-טהיר).

# נײַנטע סצענע.

## באַראָן, יוסטעלע.

באַראָן (קומט פּלוצלונג אַרײַן דורך די זײַטען-טהיר לינקס גראַדע אין דער מינוט, װען יוסטעלע װיל אַרויסגעהן, ער האַפּט טוראידיג אָן יוסטעלע'ן און שרײַט מיט אַ דונערנדיגער שטימע). שטעה!!!

יוסטעלע (שרײַט אין העכסטען שרעק). אײַ, אײַ!

באַראָן. קײן װאָרט! קײן פּיפּס! אַז ניט — איז אויפ'ן אָרט דײַן טויט! (שלעפּט זי מיט געװאַלד אויפ'ן מיטען סצענע). װאו איז דער בריעף?

יוסטעלע. אָבער העדר באַראָן!

באַראָן. װאו איז דער בריעף? בעהאַלטען װילסטו איהם! — װאו איז דער בריעף, זאָג איך!

יוסטעלע. גרויסער גאָט! העדר באַראָן! װאָס איז אײַך?

באראָן (נעהמט אָב פֿון איהר דעם בריעף). זײַ זיך אַלץ מ׳רה! אַז ניִשט איז דײַן לעבען קײַן גראָשען ניִשט ווערט!
יוסטעלע. אָבער זײַט דאָך ניִשט אַזוי שרעקליך! איך וויל אײַך נערן דעם גאַנצען אמת אויסזאָגען! אלץ!
באראָן (פֿאַר זיך). זי וויל אַלץ אויסזאָגען (בעהאַלט דעם בריעף אין קעשענע). אויב אַזוי מוז זי דאָך עפּעס וויסען! (אויפ׳ן קול). ציִ קומט אהער אײַנער אַ הערר, ווען איך בין ניִשטאָ?
יוסטעלע. די הערריִן האָט מיר פֿערבאָטען...
באראָן. פֿערבאָטען?! איך פֿרעג, ווער קומט אהער?!
יוסטעלע. עפּעס אײַנער הערר שמירער.
באראָן. שמירער? (פֿאַר זיך). דאָס שטימט! אין בריעף שרײַבט זי, אַז זי האָט טעאָדאָלינדע׳ן אָבגעגעבען דעם העררן ש.
יוסטעלע. ער דאַרף דאָ יעדע מינוט אָנקומען.
באראָן. אויסגעצײַכענט! איך וועל איהם אַלײן אויפנעהמען!
יוסטעלע. מיר דאַכט, אַז ער לאָזט זיך שוין הערען פֿון הינטער דער טהיר.
באראָן. אויסגעצײַכענט! אַוועק פֿון דאַנען! און וועה וועט זײַן צו דיר, אויב דו וועסט האָטש אײַן וואָרט אויסזאָגען!
יוסטעלע. אָבער הערר באראָן, איך בעט אײַך...
באראָן. ציטער פֿאַר מײַן צאָרן! אַוועק! און מעהר קײַן וואָרט!
יוסטעלע (אָב).
באראָן (אלײן). איצט וועל איך איהם זעהן! ער וועט שטעהן פֿאַר מיר און מיר וועלען זיך טרעפֿען אויג אין אויג! רוהע, רוהע, רוהע!

## צעהנטע סצענע.

### שמירער, באראָן.

באראָן (שטעהט אויסגעדרעהט מיט׳ן קאָרק צו דער מיטעלער אײַנגאַנגס-טהיר).

שמירער (קומט אריין, האלטענדיג אין האנד דעם מאנוסקריפט, בעמערקט דעם באראָן, בעהאלט שנעל דעם מאנוסקריפט און וויל מאכען א ויברות).

באראָן (דרעהט זיך פלוצלונג אוים צו איהם). שטעה! פּיי-נער הערר. קיין טריט מעהר, אָדער איך לעג דיך אוועק אויפ'ן אָרט!

שמירער. גרויסער גאָט! הערר באראָן! גנאדע!

באראָן. דאָס זענט איהר הערר שמירער?

שמירער. איך האב די עהרע.

באראָן (קוקט זיך גוט צו צו איהם, פאר זיך). צי איז דאָס מעגליך? אזא עלענדע פיגור? ניין, דאָס איז פשוט אונגלויבליך! איך מוז איהם אויספאָרשען! (אויפ'ן קול). נעהנטער, נעהנטער, אָג איך! אָדער איך דערשטיק דיך!

שמירער (קומט צו נעהנטער).

באראָן. פיינער הערר! איך ווייס אלץ! דעריבער זאָלסטו גאָרנישט פּרוּווען זיך אויסדרעהען! מיין וואָרט וועט דיך איבער-ציינגען, אז איך ווייס ווירקליך אלץ! צי איז דיר בעקאַנט דער נאָמען (דונערנדיג): „טעאָדראָלינדע"

שמירער (פאלט אויף די קניע). גנאדע, הערר באראָן! גנאדע! איך זעה שוין, אז דער הערר באראָן ווייס אלץ!

באראָן. וואָס?! איהר זענט זיך טאקי מודה?! זענט איהר דאָס טאקי דער יעניגער...

שמירער. יאָ, יאָ! איך בין דאָס!

באראָן. אָ, סאָפיע! סאָפיע!

שמירער. נאר איך בין גאר אונשולדיג! די גאנצע שולד פאלט אויף די הערריז באראָנין אליין!

באראָן (פאר זיך). ניעדערטרעכטיגער! ער האט אפילו קיין מוט נישט איהר צו בעשיצען! (אויפ'ן קול) · שטעהט אויף, שענער הערר, און רעדט ווייטער! וועה וועט זיין צו דיר, אויב דו וועסט מיר אפילו איין און איינציגע זאך פערשווייגען! בפרט נאָך, אז ווי איך האב דיר שוין געזאגט, ווייס איך אלץ!

שמירער (פאַר זיך). אַליין? — צי מיינט ער נישט אַמאָל דערמיט דאָס הינדטעל ראָזעטקע?

באַראָן. רעדט חײַטער, וואָס איהר זאָלט מיר נישט זאָגען, וועט עס שוין פאַר מיר נישט זיין קיין סורפריז!

שמירער (פאַר זיך). סורפריז?... יאָ, דאָס איז זיכער, ער מיינט דערמיט ראָזעטקע. נו, אַדאַנק גאָט! דאָס וועט דאָך געוויס ווייבער מאַכען זיין צאָרן.

באַראָן. זאָגט זשע מיר, פיין מענשעל, מיט וועלכע מיטלען איז עס דיר געלונגען איהר אַזוי צוצוציהען, אַזוי צוצובינדען צו זיך?...

שמירער. אָ, זי איז ווירקליך צו מיר זעהר צוגעבונדען! איך האָב זי געלאַשטשעט, געגלעט!...

באַראָן. מיין הערר!

שמירער. איך בין זיך שטענדיג מיט איהר דעליקאַט בעגאַנגען, הערר באַראָן, זעהר רעליקאַט! זעהר אָפט פלעג איך איהר געבען פערשיעדענע נאַשערייען.

באַראָן (פערברעכט מיט די הענד איבערין קאָפּ).

שמירער. און אויב זי האָט אַמאָל נישט געוואָלט פאָלגען, האָב איך איהר דעליקאַט הינטער די אויערען געקראַצט.

באַראָן (ווי פריהער). הינטער די אויערען! און ווען האָט איהר זי צום לעצטען מאָל געזעהן?

שמירער. היינט!

באַראָן (פאַר זיך). עס שטימט גענוי. זי איז טאַקי היינט אין דער פריה פון שטוב אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך געזוימט העכער אַ שעה צייט! (אויפ'ן קול). און וואו איז דאָס געוועזען?

שמירער. ביי מיר, אין מיין וואָהנונג! זי פערברענגט דאָרט כסדר!

באַראָן. אין אייער וואָהנונג! געגוג! איצט צו דער זאַך!

(ער געהט אַריין אין צווייטען צימער ליינקס און ברענגט פון דאָרטען

פֿערשיעדענע סאָרטען געװעהר). אָט איז געװעהר! קלײַבט אויס, װאָס איהר װילט!

שמירער. איהר זענט אזא גוטער, הערר באַראָן!

באַראָן. אָבער גלײַך!

שמירער. אויב אַזוי װעל איך מיר אויסקלײַבען אָט דאָס דאָזיגע שװערדעלע. טויזענד דאַנקען, הערר באַראָן, טויזענד דאַנ-קען! (בוקט זיך און װיל אַרויסגעהן). איך קוש דעם שטויב! אַריע!

באַראָן. װאַרט נאָר א װײַלע! װאוּהין?

שמירער. אַהײם. איהר האָט דאָך מיר אַלײן געהײסען אויסקלײַבען עפּעס א געװעהר. נו, נעהם איך מיר מיט דאָס דאָזיגע שװערדעל אַהײם.

באַראָן. איך האָב נישט ליעב אַזעלכע נאַרישע שפּאַסען! איהם מוזט זיך מיט מיר דועלירען!

שמירער. דעם הערר באַראָן איז בעליעבט פֿון מיר חוזק צו מאַכען!

באַראָן. װאָס הײסט? ! איהר זענט אַלײן מודה, אַז איהר האָט בעציהונגען מיט מײַן פֿרוי? איהר דערצעהלט זאָגאַר אַלע פּרטים און איהר רעכענט נאָך, אַז איך װעל פֿון אײַך נישט פֿער-לאַנגען קײן צופֿריעדענשטעלונג?

שמירער. צוליעב אַזא קלײניגקײט? נאָר דעם הערר באַראָן איז געװיס בעליעבט פֿון מיר א ביסעל חוזק צו מאַכען?

באַראָן. די מינוט הויבען מיר אָן דעם דועל!

שמירער. איך װעל אָנהײבען שרײַען! איך פֿערלאַנג, אַז מען זאָל רופֿען אַהער די פֿרוי באַראָנין!

באַראָן. (פֿאַר זיך). עלענדער! ניעדערטרעכטיגער! נאָר ער איז גערעכט! מײַן נקמה װאָלט נישט געװען פֿאָלשטענדיג, אויב זי װאָלט מיט איהרע אײגענע אויגען זײַן טויט נישט געזעהן! (אויפֿ'ן קול). אַהין, עלענדער פּחדן! אין יענעם צימער אַרײַן! זאָלסט זיך נישט װעגען מיר פֿאַר די אויגען זיך צו װײַזען, ביז איך װעל דיך נישט אַרויסרופֿען! (װײַזט אויף לינקס).

שמירער. וואָס אַנבעלאַנגט דערצו, קאָן דער הערר באראָן גאַנץ רוהיג זיין! איך קוש דעם שטויב! (געהט אָב לינקס).

## עלפטע סצענע.

באַראָן (אליין). צי קאָן דאָס מעגליך זיין? ... זי, וואָס זי איז שען ווי אַ מלאך, און מיט אַזאַ לעבערליכע, לעבעדיגע קאריקאַטור! נאָר שאַ! רוקט זיך, זי געהט! לאָמיר זיין רוהיג, רוהיג!

## צוועלפטע סצענע.

סאָפיע, באַראָן.

סאָפיע (קומט אריין דורך די מיטעל-טהיר) · דו ביזט שוין צוריקגעקומען, מיין טייערער היינריך?

באַראָן. דו האָסט ... זיך געווים ... נישט געריכט אויף מיר?

סאָפיע. ווי זשע אַזוי האָב איך זיך געקאָנט ריכטען, ווייבאַלד דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דו געהסט אוועק אויף עטליכע שטונדען אין קלוב אריין.

באַראָן. אין קלוב אריין — יאָ — געווים — אמת — אין קלוב אַריין!

סאָפיע. מיין גאָט! וואָס איז דיר?

באַראָן. וואו ביזטו געוועזען?

סאָפיע. אין גאָרטען.

באַראָן. אין גאָרטען — זעהר גוט — אין גאָרטען!

סאָפיע. אונזערע בלומען בליהען אַזוי פראַכטפול!

באַראָן. אונזערע בלומען — אוים-גע-צייכענט!

סאָפיע. נאָר וואָס איז מיט דיר געשעהן? דו ציטערסט דאָך אינגאַנצען! גרויסער גאָט! ביזט אפשר קראַנק! צי אפשר איז דיר חלילה עפּעס געשעהן?

באַראָן. צי מיר איז עפּעס געשעהן? זעהר גוט. וואָס איהר פרעגט וועגען דעם, גנעדיגע הערין!

סאָפיע. היינריך! וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָן?

באראָן. לאָמיר בעסער גלייך צו דער זאַך רעדען, איך וועל נאָר איין וואָרט זאָגען, וועט איהר שוין איינזעהן, אז איך וויים אלץ! צי האָט איהר שוין אמאל געהערט דעם דאָזיגען נאָמען (דונערענדיג): „טעאָדאָלינדע"?!

סאָפיע. ווי? דו ווייסט? פערצייהונג. מיין טייערער, פערצייהונג!

באראָן (פאַר זיך). און זי איז זיך אויך מודה!... הייסט עס, אז דאָס אלץ איז טאַקי אמת! אָ, איך אונגליקליכער מענש!...

סאָפיע. יאָ, מיין מאַן, איך בין אַ פעהלער בעגאַנגען, איך בין דאָס מודה און בעט דיך אום פערצייהונג.

באראָן. איהר בעט פערצייהונג?! און דאָס נאָך פון מיר?!

סאָפיע. אָבער היינריך! פאַרוואָס ביזטו אזוי מערקוויר־דיג צערייצט...

באראָן. זייט זיך מודה, ווי הייסט ער?

סאָפיע. ווער?

באראָן. יענער נידערטרעכטיגער, וועמען איהר האָט היינט טעאָדאָלינדע'ן פערטרויט?

סאָפיע. גרויסער גאָט? וואָס קוקסטו עפּעס אויף מיר אזוי שרעקליך?

באראָן. איהר ענטפערט נישט! איך פרעג אייך: ווי הייסט ער?

סאָפיע. אָבער מיין גאָט! דאָס איז דער הערר שרויבער.

באראָן. ווי? שרויבער, נישט שמירער?

סאָפיע. שמירער אויך!

באראָן. הייסט עס צוויי! אָ, ווי שרעקליך, ווי נידערער־טרעכטיג!

סאָפיע. וואָס מיינסטו דערמיט?

באראָן. צי וועט דער דאָזיגער שרויבער אויך קומען אהער היינט אָוועגד?

סאָפיע. איך ערוואַרט איהם יעדע מינוט.

באראָן. גוט! איך וועל איהם שוין אַליין אויפנעהמען!

סאָפיע. דו וועסט איהם אַליין אויפנעהמען? נאָר וואָס געהט ער דיך אָן? וואָס רעכענסטו צו טהון?

באראָן (פאַר זיך). זי האָט מורא, טאָמער טהו איך איהם עפּעס.

סאָפיע. איך זעה איין, אַז איך האָב שלעכט געטהון, איך בין מודה, דאָס האָט מיך דער הערר שרויבער אָנגערעדט צו אַלעם.

באראָן. צי דאָס זאָל זיין אייער פערטהיידיגונג, גנעדיגע הערין?

סאָפיע. אָבער, טייערער היינריך, איך קאָן גאָרנישט פערשטעהן!... אמת, איך האָב שלעכט געטהון, נאָר סוף כל סוף איז דאָך דאָס אַזוי אונוויכטיג, אַזאַ קלייניגקייט.

באראָן. אַ שענע קלייניגקייט! דאָס איז פּשוט נישט צו בעגרייפען!

סאָפיע. הונדערטער אַנדערע מענער וואָלטען זייערע פרויען אַזאַ זאַך נישט פערבאָטען.

באראָן. זיי וואָלטען אַזאַ זאַך נישט פערבאָטען? גענוג גנעדיגע הערין! גענוג! איצט וועט איהר זיין אַזוי גוט אריינגעהן צו זיך אין צימער - איך וועל דאָ דערווייל אויפנעהמען יענעם נידערטרעכטיגען — ! די דאָזיגע ביידע עלענדע וועלען פאַר אייך אין די אויגען זייער נשמה אָפּגעבען.

סאָפיע. אָבער, היינריך · וואָס פאַר אַ שרעקליכע זאַכען. דו רעדסט!

באראָן (אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף רעכטס). אין יענעם צימער אריין, זאָג איך!

סאָפיע. היינריך! צי בין איך פון זינען אראָב?

באראָן (אָבפּיהרענדיג זי). נקמה מוז איך נעהמען!

סאָפיע. דו ביזט... קראַנק, היינריך!

באראָן. בלוטיגע נקמה! נידערטרעכטיגע פרוי! (שטופּט

איהר אַרײַן אין צימער רעכטס און פערשליסט די טהיר אויפ'ן שלאָס).

## דרײַצעהנטע סצענע.

באַראָן. (אַלײן). אַט אַזוי! איצט איז זי שוין פערשלאָסען! אַלזאָ האָב איך, הײַסט עס, איצט מיט צווײַ צו טהון! וואָס וועט אויף דעם אַלעם זאָגען איהר מוטער, ווען זי וועט זיך דאָס דערוויסען? אַט די דאָזיגע בכבודי'גע דאַמע מיט איהרע שטרענגע מאָראַלישע פּרינציפּען. ווער געהט דאָס! געוויס ער!

## פיערצעהנטע סצענע.

שרױבער, באַראָן.

שרױבער (קוממט אַרײַן, פאַר זיך). עפּעס אַ הערר, זיכער דער הערר באַראָן!

באַראָן (געהענדיג צו איהם). איך בין דער באַראָן הײַנריך פאָן האָלענשטײַן! צי האָב איך די עהרע צו רעדען מיט העררן שרױבער?

שרױבער. יאָ, יאָ! איך בכבודי ובעצמי! ווער קען עס נישט דעם אַלטען שרױבער?

באַראָן (קוקט זיך צו צו איהם פאַר זיך). אָבער נײַן! וואָס פאַר אַ נאַסט די דאָזיגע פרוי האָט דאָס! דאָס איז פּשוט נישט צו גלױבען! (אויפ'ן קול) · מײַן הערר! לאָמיר זיך נישט שפּיעלען אין איבעריגע פערהערענישען! איך ווײס אַלץ!

שרױבער. צי ווײסט איהר ווירקליך אַלץ?

באַראָן. איך ווײס וועגען אײַערע בעציהונגען צו מײַן פרוי, און אַלס בעווײַז וועל איך אײַך זאָגען נאָר אײן און אײנציג וואָרט (דונערנדיג): „טעאָדאָלינדע!"

שרױבער. ווירקליך, איך זעה. אַז דער הערר באַראָן האָט שוין דעם גאַנצען אמת ענטדעקט. איהר האָט זיך געוויס געמוזט שטאַרק וואונדערן? נישט אמת?

באראָן (פאַר זיך). אָבער דער איז דאָך חוצפה'דיג, פשוט ניִשט צו'ם בעגרייפען!

שרויבער. און אייער ליעבע פרוי האָט זיך אויך שטאַרק געמוזט וואונדערן און זיך איבערשרעקען, ווען איהר האָט פלוצ־לונג אלעס ענטדעקט, ווייל נאָך מיט א פיערטעל שעה צוריק האָט אונזער ליעבסטע אפילו ניִשט חושד געווען אז איהר ווייסט חאָטש עפעס

באראָן (פאַר זיך). דער דאָזיגער מענש איז מערקווירדיג! (אויפ'ן קול). איך וואונדער מיך נאָר, מיין העהר, ווי האָט עס אזא פרוי ווי מיינע געקאָנט קומען אין וועלכע ניִשט איז בעציהונגען מיט אזא מענשען ווי איהר!

שרויבער. מיין העהר! איך בעט אייך צו מעסיגען אייערע ווערטער! איך הייס שרויבער! איבריגענס דאָס דאַרף אייך גאָרניִשט אזוי וואונדערן, ווייל די האָנאָראַרען, וואָס איך צאָהל געוועהנליך...

באראָן. מיין העהר! איך בעט אייך, איהר זאָלט זיך ניִשט פערגעסען, מיט וועמען איהר רעדט!

שרויבער. ענטשולדיגט! איך זאָג דאָס ניִשט בנוגע צו אייער פרוי, ווייל דאָס וואָס זי האָט געטהון, האָט זי עס געטהון ניִשט פאַר פערפלוכטע געלד, נאָר אוים רייִנער, אמת'ער ליעבע צו דער קונסט גופא!

באראָן. איהר ווילט מיך ווייזט אוים אינגאַנצען פון זיך ארויסברענגען?

שרויבער. אמת, זי האָט געהאַט אביסעל געוויסענס־ביסען, נאָר איך בין שוין אַן'אַלטער פּראַקטיקאַנט!

באראָן (האַלט שוין מעהר ניִשט אוים, דערלאַנגט פּיסטאָלעטען). אָט זענען פּיסטאָלעטען!

שרויבער. אום גאָטעס ווילען, זיי זענען נאָך אפשר אָנגעלאָדען?

באראָן שנעלער! צו'ם קאַמפף! איהר וועהט שוין אַליין, אז עס קלאַפּט אײַער לעצטע שטונדע!

שרויבער. איהר זענט נישט בײַם רעכטען זינען!

באראָן. נעהמט זיך צו'ם געוועהר, זאָג איך! פערטיידיג זיך!

שרויבער. וואס איז דאס! גרויסער גאָט! עס איז משוגע געוואָרען!

באראָן, פערטיידיג זיך, עלענדער!

סאָפיע (הינטער דער סצענע). אום גאָטעס ווילען. היינריך! וואָס טהוט זיך דאָרטען עפּען מיר!

באַראָן. די דאָזיגע זינדיגע פרוי וויל איהם רעטען! איהר אין די אויגען זאָל אויסגעפיהרט ווערען מײַן דאָפּעלטע נקמה! (ווייפּט אריין אין צימער לינקס און פיהרט ארויס שמירען פאַרן קאָלנער). פּאָרוועטס, דו מיאוס בעשעפעניש!

## פונפצעהנטע סצענע.

די פריהערדיגע, שמירער. שפּעטער סאָפיע, יוסטעלע, גערטרוד.

שמידער, גנאדע! גנאַדע! (בעהאַלט זיך הינטער שרויבערין)

באראָן (עפענט די טהיר רעכטס). עס איז אָנגעקומען די מינוט פון אָברעכענען זיך און נקמה! אַהער צו מיר, נידערטרעכטיגע פרוי.

סאָפיע (קומט אריין). היינריך! דו ווייסט אליין נישט וואָס דו טהוסט! צי דען בײַזט ווירקליך פון זינען אראָב?

באראָן (האַפּט שרויבער'ן און שמירערין פאַר'ן קאָפּ). דיר אין די אויגען וועל איך די דאָזיגע ביידע אויסוואָרפען צו אַש און צו שטויב מאַכען!

שרויבער און שמירער (דרעהען זיך ארויס). הילפע! דאַטעוועט!

סאָפּיע (גלײַכצײַטיג מיט שרױבערין און שמירערין). הײַנריך! הײַנריך!

געטרוד און יוסטעלע (קומען אריין).

יוסטעלע. אַז מען זאָגט אײַך משוגע, זאָלט איהר גלױבען! אָט װעט איהר באַלד אַלײן אײַנזעהן! (אָב).

גערטרוד (פון רעכטס). װאָס טהוסטו, מײַן אײַדעם? לאָז אָב, איך בעט דיך, די בײדע העררען!

באַראָן (לאָזט זײ בײדע אָב). איך בין צופריעדען, װאָס איהר קומט! (צו סאָפּיען). אָט איז דײַן מוטער, פערדאָרבענע פרױ! ציטער פאַר איהר!

סאָפּיע. מײַן מוטער װײס אַלץ!

באַראָן. אונמעגליך! איהר, מײַן געעהרטעסטע שװיגער, זאָל האָבען עפּעס געװאוסט װעגען טעאָדאָלינדע.

גערטרוד. יאָ, איך װײס װעגען דעם, און אַלענפאַלס מוז איך דיר בעמערקען, אַז דײַן אױפפיהרונג איז זעהר נישט פּאַסיג.

באַראָן. װי? איהר װײסט אַלץ װעגען טעאָדאָלינדע און פון דעסטװעגען קאָנט איהר נאָך די דאָזיגע פרױ פאַר אײַער טאָכטער האַלטען.

גערטרוד. װאָס איז דאָס פאַר אַ מין לשון? װאָס ערלױבט איהר זיך אַזױנס? צי מײנט איהר נישט אַמאָל, אַז די הײראַט האָט מײַן טאָכטער צו אײַער שקלאַפין געמאַכט? צי דערפאַר, װײַל זי איז אײַער פרױ, מוז זי זיך ענטזאַגען פון איהרע פריהעריגע בעליעבטע נײגונגען?

באַראָן. װאָס איז דאָס? איך פערשטעהע נישט!

גערטרוד. איך האָב איהר נאָר שטענדיג פאָרגעװאָרפען און אױסגערעדט, דערפאַר, װאָס זי האָט דאָס געטהון בסוד װעהרענד דאָס, װאָס זי האָט געטהון, האָט זי געקאָנט טהון אָפען און פרײַ!

באַראָן (געהט איבער אויף רעכטס) אָפען און פרײַ? נײן,

נישט אַנדערש, איך בין ווירקליך פֿון זינען אראָב!

סאָפֿיע. יאָ. טײַערע מאַמאַ — דו ביזט גערעכט! איך בין איצט ענטשלאָסען נישט מעהר צו פֿערטראָגען אַזאַ אונפֿערשטענ־דיגע טיראַנײַ!

שרויבער און שמירער. גאַנץ ריכטיג, אויסגעצייכענט, זעהר גוט!

באראָן (ווענדעט זיך צו זיי ביידען, וועלכע שפּרינגען דערױבער אָב צוריק), אָם ענדע וועט זיך נאָך אפשר ארוים ווײַזען, אַז דאָס בין איך אין אַלעם שולדיג.

סאָפֿיע. פֿאַרוואָס זאָל איך מיך בעהאַלטען מיט דעם, וואָס איז די שענהײַט פֿו' מײַן לעבען און מײַן בעסטע פֿערוויילונג!

באַראָן. צי איז דאָס די זעלבע ריינע, הימלישע סאָפֿיע, פֿאַר וועלכע איך בין אויף די קניע געפֿאַלען!

גערטרוד. גוט אַזוי, מײַן טאָכטער! זעהר גוט! וואַרף אַראָב פֿון זיך און צעטרעט דעם דעספּאָטישען יאָך!

באראָן: איהר, איהר, די אייגענע מוטער, גיעט איהר נאָך אַזעלכע עצות?

שרויבער און שמירער. בראַוואָ! בראַוואָ: אויסגע־צייכענט! ווײַטער, גנעדיגע פֿרוי, מוטיגער!

סאָפֿיע. אַלזאָ פֿון דער מינוט אָן וועל איך ווירקען אָפֿען און פֿרײַ! העררן שרויבער, העררן שמירער, איך בעט אײַך מיט מיר אין בודואַר אַרײַנצוגעהן! (וויל צוזאַמען מיט זיי אַרויסגעהן).

באַראָן (פֿאַלט אויף דער סאָפֿע). דאָס איז שוין צופֿיעל! צופֿיעל! איך קאָן שוין מעהר נישט אויסהאַלטען!

גערטרוד. ערלויבט נאָר! בלײַבט דאָ אַלע! (סאָפֿיע קעהרט צוריק מיט ביידע העררען). איך ווייס אַ מיטעל, וואָס וועט היינדיגער זיכער ווייבער מאַכען! זאָל ער זיך אַליין מיט טעאָדאָ־לינדען בעקענען.

באראָן. אָט האָסטו דיר!

נעָרטרוד. דײַן טעאָדראָלינדע, טאָכטער. איז אַזוי שען! אז זי מוז איהם געפעלען ווערען!

באראָן. זי איז שען! זי מוז מיר געפעלען ווערען! טעאָדראָלינדע! (היסטעריש). חאַ, חאַ! חאַ, חאַ, חאַ, חאַ!

שמירער. איך װעל זי גלייך אַהער ברענגען — איך האָב זי בעהאַלטען אָט אין דעם צימער (אָב).

באראָן (פערברעכט די הענד). דאָס איז שוין איבער מײַנע קרעפטען! איך פיהל זיך דערשלאָגען אי פיזיש אי גײַסטיג!

סאָפיע. איך װעל זי אַלײַן פאָרשטעלען פאַר מײַן מאן!

שמירער. (קומט צוריק, דערלאַנגט סאָפיען דעם מאַנוסקריפט). אָט איז זי, גנעדיגע פרוי!

סאָפיע (געהט צו צום באַראָן מיטן מאַנוסקריפט אין האַנד). מײַן מאן! טײַערער הײַנריך!

באראָן. וואָס איז דאָס?

סאָפיע. מײַן טעאָדראָלינדע?

באראָן (נעהמט דעם מאַנוסקריפט און קוקט אויף דאָס פאָדערבלעטעל). וואָאָאָס! (לייענט). „טעאָדראָלינדע, אַ דראַמע אין דרײַ אַקטען". גרויסער גאָט, וואָס איז דאָס?...

סאָפיע. מײַן אײגענער מאַנוסקריפט! נאָר וואָס זענט איהר עפּעס אַזוי שרעקליך ערשטוינט? שוין ווידער עפּעס אַ נײַעס?...

באראָן (נעהמט אַרויס דעם בריעף פון קעשענע). וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?

סאָפיע. מײַן בריעף? אויף אַזאַ אופן האָסטו הײַסט עס דאָס געהײמניס ענטדעקט?

באראָן (לייענענדיג אין בריעף). „מײַן טעאָדראָלינדע האָב איך פערטרויט און אָבגעגעבען אין די הענד פון הערן ש".

סאָפיע. נו יאָ — איך האָב זי איבערגעגעבען אין די הענד פון הערן שרײַבער, וועלכער איז אַ בוכהענדלער און פערלעגער, און אָט דיזער הערר שמירער האָט מיר מײַן מאַנוסקריפט איבערגעשריבען. איך האָב געמײנט, אַז דו ווייסט שוין אַלץ?

באראָן (פאַלט ארויף אויף שמירער'ן). ווערמען האָט איהר הינטער די אויערען געקראַצט!

שמירער. רבונו של עולם! וועמען זשע, אויב נישט ראָזעטקען, דאָס הינטעל! איך האָב עם דאָך געדראַפּט ברעג-גען אהער איבערמאָרגען אין דערפריה, אין דער הערדן באראָנם געבורטסטאָג. איך האָב געמיינט, אז דער הערר באראָן ווייסט שוין אלץ!

באראָן. גרויסער גאָט: וואָס האָב איך דאָ אָנגעמאַכט!..

סאָפיע. וואָס איז דיר?

באראָן. פערציי‍הונג! צי ווערסטו מיר קאָנען פערציי‍הען מיין טייערסטע סאָפיע?

סאָפיע. אָבער דו ביזט שוין נישט בייז, וואָס דיין פרוי איז א ליטעראַטקע, א עמאַנציפּאַנטקע?

באראָן. קיין האָר! מיין טייערסטע. מיין ליעבסטע סאָפיע! איך קאָן דיר גאָרנישט אויסדריקען מיין שמחה, מיין גליק! טעאָדאָלינדע, שמירער, ראָזעטקע, שרויבער, פּיסטאָלע-טען. קראַצען הינטער די אויערען — דאָס אלץ שווינדעלט מיר אין די אויגען!

(פאר זיך). קיין מענש האָט זיך נאָך זיכער אזוי גוואלדיג נישט קאָמפּראָמיטירט, ווי איך!

# ענדע.